# איצט

## פּאָעמען

צו לייענען פאר זיך און פאר יענעם

פון

## ד. קריוויצקי



ניו יאָרק, יאַנואַר, 1934

# ה ע נ ט

הענט —
אין הונגער קײט געפּענט,
אין קראַמפּן אײנגעקלעמט,
ליגן װי געלײמט.

הענט —
ס'הײנגען מער ניט קײן פּלאַקאַטן
אַף די װענט,
מיט די שרײַענדיקע רופן
„מיר פאַרלאַנגען הענט!“
קײנער זוכט קײן הענט, װאָס זאָלן
יאָגן נאָך מאַשין־גערױש;
שטיל איז די פאַבריק געװאָרן
מיט איר אימפּעדיק געברױז,

הענט —
אין הונגער קײט געפּענט,
אין קראַמפּן אײנגעקלעמט,
ליגן װי געלײמט.

הענט —
הענט, וואָס האָבן אויסגעשפּונען,
אויסגעבויט און אויפגעניים;
הענט, וואָס האָבן גאַנצע אוצרות
צוגעגרייט און אָנגעגרייט,
גראָבן זיך אין מיסט און קויט
זוכן שמאַטעס, שטיקלאַך ברויט,
לייבער נאַקעטע צו הילן,
בייזן הונגער איינצושטילן.

הענט —
אין הונגער קייט געפּענט,
אין קראַמפּן איינגעקלעמט,
ליגן ווי געליימט.

הענט —
ס'הויבן זיך ניט זעג און האַמער
מיט די הענט;
ס'קלאַפּן מער ניט שער און אייזן
אין די הענט;
ס'רוישן מער ניט די מאַשינען
אונטער הענט —
איינגעשלאָפן איז דער כח
פון די הענט

הענט —
אין הונגער קייט געפּענט,
אין קראַמפּן איינגעקלעמט,
ליגן ווי געליימט.

הענט —
הענט, וואָס האָבן אין די מינען
פון די גאָלד גרובן געצערט.
פון באַגינען ביז באַגינען
אין דער טיפער קאַלטער ערד,
שוואַרצע דימענטן געגראָבן
צו באַשיצן וועלט פון קעלט —
הענט, ווער דאַרף אייך איצטער האָבן?
געוואָרן איבעריק דער וועלט.

הענט —
אין הונגער קייט געפּענט,
אין קראַמפּן איינגעקלעמט,
ליגן ווי געליימט.

הענט —
הענט, געברענט אין גלות און פלאמען,
שטאָל אין אייזן איינצוזאמען,
פאַר די בריקן, עראָפּלאַנען,
פאַר די שיפן, פאַר די באַנען,
פאַר די טורעמס, פּיראַמידן,
זיינען איצטער אויסגעמידן,
אָפּגעלייגט, צונויפגעלייגט,
ווי צו גאָרנישט ניט געטויגט.

הענט —
אין הונגער קייט געפּענט,
אין קראַמפּן איינגעקלעמט,
ליגן ווי געליימט.

הענט —
וואַלד צוזעגט און פעלד צואַקערט,
ווינט פֿאַרצאַמט און שטיין צופלאַקערט,
ים צושניטן, בערג צוריסן,
טייכן, אָפּגעשטעלט פון פליסן,
גרונטן פון דער טיף געהויבן,
טאָלן צו די בערג דערהויבן.
פלאַם געבונדן, טויט פֿאַרהאַלטן,
ליגן הילפסלאָזע באַהאַלטן.

הענט —
אין הונגער קייט געפענט,
אין קראַמפּן איינגעקלעמט,
ליגן ווי געליימט.

הענט —
הענט וואָס האָבן ווי פאַרכישופט
מיט דער פידל, מיט דער פלייט,
מיט דער פען און מיטן פינזל
הערצער אָנגערעגט מיט פרייד,
צינדן מער ניט די נשמות.
האַרץ און גייסט איז אָפּגעפרעמדט,
וואָרט און קלאַנג און פאַרב איצט וויינען
אױף די קינסטלערישע הענט.

הענט —
אין הונגער קייט געפּענט,
אין קראַמפּן איינגעקלעמט,
ליגן ווי געליימט.

הענט —
אַף וועמען וועלט איז אָנגעלענט,
וואָס האָבן בלוט און מוט פאַרשוווענדט
אַלץ געטאָן פון אייביק אָן.
האָבן מער ניט וואָס צו טאָן.
פאַרזאָרגט דער וועלט מיט אַל דאָס גוטס,
און ס'האָט די וועלט פאַר זיי איין נוץ —
צו בעטלען פון אַ בעטלערס האַנט
מיט האַס און בייסנדיקער שאַנד.

הענט —
אין הונגער קייט געפּענט,
אין קראַמפּן איינגעקלעמט,
ליגן ווי געליימט.

# דער וועלט פּאַראַד

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
מיד, פאַרשלאָפן גייען זיי,
ניט געאיילט און ניט געיאָגט,
ניט געלאכט און ניט געוויינט.
ס'האָט דער טאָג זיי ניט געטאָגט,
די נאַכט האָט גאָרנישט ניט געמיינט.
שניי און רעגן, ווינט און קעלט,
דער פאַראַד האלט אָן זיין גאַנג,
דורך די גאַסן פון דער וועלט,
אונטער קרעכצנדיקן קלאַנג.

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
קומט דער אָוונט קומען זיי
מיט געציילטן טראָט און שפּאַן,
פאַרקויפן זיך צו יעדן מאַן.
מיט שטומען צער און פרעכן בליק
רופן זיי אייך קויפן גליק.
יונג און אלט, אָן אונטערשייד.
ס'טרייבט זיי אלעמען די נויט
אין גאַס ארויס פאַרקויפן פרייד,
זיי דאַרפן עסן און א קלייד.

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
קומט די נאכט אָן, קומען זיי,
פאַרכאַפּן בעטן אין דעם פּאַרק,
די קישן — איז דעם שכנ׳ס קאַרק.
דער צודעק — יענעמס פּיס און הענט,
איינס אין צווייטן איינגעקלעמט.
קיינער פרעגט ניט, קיינער רעדט,
פאַר אלעמען איז גלייך די בעט,
פאר אלעמען איז איין געשאנק,
דער קאַלטער פּארק, די הארטע באנק.

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
קומט דער מאָרגן — קומען זיי,
גאַס אריין און גאַס ארויס,
צום פּאַראַד פון קליין און גרויס.
און פאַלט א מענטש אין גאַס פון שטיין,
קומט אנאנדערער צוגיין.
קיינער פעלט ניט קיינעם אויס.
א מענטש ניטאָ, וואָס מאכט עס אויס?
קיינער פילט ניט אז עס פעלט,
אן איבעריקער אף אונזער וועלט.

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
אלטע גייען אין דער ריי,
פארהויקערטע מיט ווייסע האָר
און בעטלען אף די אלטע יאָר.
זיי ריידן ניט, צו וואָס די רייד?
דער קראַנקער עלנט רעדט פאר זיי.
די שמאַטעס אף זיי אָנגעקליידט,
די דאַרע הענט געשטרעקט מיט וויי,
די מידע פיס וואָס שלעפּן קוים,
דעם קראנקן גוף וואָס האָט קיין היים.

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
קינדער גייען אויך מיט זיי,
טראָגן סחורה אין די הענט,
פאַרדינען אפן גאַס א סענט.
א הונגעריקע מאַמע וואַרט
אף איר שפייזער פון דער גאַס,
א סוחר קליין און איינגעדאַרט —
וואָס טראָגט שוין אום א טיפן האַס,
אין זיין יונגער האַרץ צו וועלט,
וואָס האָט פאר אים נאָר היץ און קעלט.

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
נעענטער, נעענטער קומען זיי
צו די וואָס לעבן רייך און זאַט
און לאַכן פון דעם וועלט פּאַראַד,
און זעען ניט און הערן ניט
די דראָענדיקע הונגער טריט.
דאָס בלוט געמישט מיט ווייסן שניי,
דעם קרעכץ אין שוואַרצע נעכט געהילט.
און פון נקמה דעם געשריי,
וואָס וועט אין בלוט נאָר זיין געשטילט.

איינס און צוויי, איינס און צוויי,
מיט האַס און צאָרן גייען זיי,
מיט פויסט געביילט און ציין געקריצט,
מיט אויגן — מוטיק אויפגעבליצט.
זייערס אָפּנעמען צוריק
פון דער וועלט וואָס לעבט אין גליק.
דער וועלט פּאַראַד — צושטורמט ים;
דער וועלט פּאַראַד — וואולקאַנען פלאַם,
וואָס האָט קיין אָפּהאלט אף זיין וועג,
און צינדט די וועלט פון ברעג צו ברעג.

# דער קריפּל

אין כשופדיקן רייץ, און לוקסוס פון בראָדוויי,
אין בלענדענדיקן העלן ליכט פון ווייסן וועג,
זיצט א קריפּל אין רעגן און אין שניי,
דורך די קאַלטע נעכט און די לאנגע טעג.

רייכע דאַמען אנגעטאָן אין גאָלד און זייד.
רייכע הערן גייען אים פארביי דאָ שטום.
אָבער קיינער זעט דעם בעטלער אָן דער זייט.
זעלטן ווער עס קוקט זיך אָפּ א קריפּל אום.

נאָר איינמאָל האָט א דאַמע בא אים זיך אָפּגעשטעלט,
און צו איר באגלייטער מיט כעס זיך געווענדט.
וואָס לאָזט מען אָט די בעטלער טאָן וואָס זיי געפעלט?
האָבן זיי דען אנדערשוואו בעטלען ניט געקענט?

וואָס לאָזט מען אָט די קריפּלס פּאַראַמיאוסן בראָדוויי?
די גאַנצע גרויסע וועלט איז פאַר די שנאָרער קליין.
איז דען די באוערי ניט גענוג פאר זיי?
אהער צו אונז נאָך קומען זיי צוגיין!

אַן עקל פילט מען דאָך אָן ווען מען קוקט זיי אָן,
אָט די קריפּלס וועלכע קריכן דאָ ארום.
פוילער זיינען זיי, וואָס ווילן גאָרנישט טאָן.
נאָר בעטלען קענען זיי, שנאָרן אומעטום.

מיט א שמייכל האָט דער קריפּל אנגעקוקט
דער דאַמע מיט די ווייסע צאַרטע הענט.
די ליפּן האָבן בא אים ציטעריק געצוקט,
אין די אויגן האָט א פייער זיך צוברענט.

וואָס בייזערט איר זיך, ס'איז אייך איינג ?
איך זיץ דאָך דאָ צונויפגעדרייט.
א שטיקל טרעפּ נאָר אין דער ליינג
און ווינציקער נאָך אין דער ברייט.

איז אייך מיין איינציק פּוס אין וועג ?
איז אייך אין וועג מיין איינציק האַנט ?
אָט רוק איך גענענטער זיך צום ברעג,
און זעץ זיך האַרטער בא דער וואַנט.

עס וועט דען שאַדן אייער קלייד,
ווען איר קוקט אַף מיר פון וויים ?
עס וועט דען שטערן אייער פרייד,
א קריפּל וואָס זיצט אַן א זייט ?

נאָר הערט איך בין געווען אמאָל,
ווי איר מיטביידע פּים און הענט,
מיט מוסקולן הארט ווי שטאָל.
די ערד האָט אונטער מיר געברענט.

קליין איז מיר געווען דער ים,
די פּרייערי איז געווען צו שמאָל,
די ברייטע פרייע פעלד — א צאַם,
ווי פארן אָדלער בארג און טאָל.

ביז מיין לאַנד האָט מיך באַדאַרפט,
האָב איך זיך איר צום דינסט געשטעלט,
און מיין ביקס און שווערד געשאַרפט
פאַר דעמאָקראַטיע אף דער וועלט.

און אייך באַשיצן פון דעם פיינט,
בין איך געגאַנגען בלינדערהייט,
פאַרזאָרגן אייער שיינעם היינט
און אייער מאָרגן פול מיט פרייד.

און עס האָט זיך דאָך געלוינט
שטאַרבן, צי א קריפּל זיין.
וואָס וואָלט דאָס לעבן דען געמיינט
פאַר אייך ווען ס'פעלט אייך גאָלד און ווייַן?

מיר פעלט א פוס און ס'פעלט א האַנט?
טו וואָס־זשע איז, ווער קוקט זיך אום?
ווען דיין לעבן דאַרף דיין לאַנד,
טו גיב עס בלינד, טו גיב עס שטום?

אָבער אייער קלאַס איז גוט
און איידל, פיין געווען צו מיר,
און באַצאָלט מיר פאר מיין בלוט
מיט א טרעפּ דאָ בא דער טיר.

וואו מען וואַרפט מיר צו א סענט,
און אָפטער נאָך א בייזן בליק.
ווי א הונט אין קייט געפּענט
קריגט א ביין, דערצו א בריק.

מיר פארמיאוסן בראָדוויי,
מיר זיינען אייך אין וועג א שטער?
ביט אייביק וועט דאך זיין אזוי,
מיין שיינע פרוי, מיין ליבער הער.

די באוערי געפעלט אייך ניט,
דעם קריפּלם און דעם בעטלערם היים.
פון דאָרט וועט איר נאָך גיין געשמידט
אין גאָלדן קייט צום תליה בוים.

איר זעט מיין איינציק פוס און האנט?
איך וועל אויך געבן די מיט פרייד
אָפּצואווישן אָט די שאנד
פון זיך, פאר בעטלען בא אייך ברויט.

מיין איינציק פוס, מיין איינציק האַנט.
זיי וועלן דינען מיר געטריי,
צו טראָגן האַס און שפּרייטן בראַנד
די וועלט זאָל ווערן פון אייך פריי.

## סאקא און וואַנזעטי

(געשריבן אין דער נאכט פון זייער טויט)

צו וועמען זאָל איך איצטער מיינע הענט אויפהויבן,
צו וועמען זאָל איך בעטן אין מיין צער און פּיין,
טויט איז דער רחמנות, גאָט וואָס דארף זיין אויבן,
טויט איז די גערעכטיקייט וואָס דארף דאָ זיין.

ניט נאָר דאָס אומשולדיק בלוט ברענט איצט דעם מח,
ניט נאָר די צוויי לעבנס געטויט פאַר אונזער גליק,
ס׳ברענט אויך א פיינלאך צאָרן אף דעם ריזן כח
וואָס ליגט געבונדן אין אן אויפגעבונדן שטריק.

ניט נאָר די מאַרטירער אין דעם פרישן קבר,
האָט דאָס הארץ אין טיפן ווייטיק איינגעשמידט;
א ווייטיקדיקער צאָרן פילט אויך אוים יעדן אבר,
אף די וואָס קענען העלפן זיך, און העלפן זיך דאך ניט.

ניט נאָר די צוויי לעבנס אין דער העל פּאַרזונקען,
אין דעם קאַמף פאַר פרייהייט געגן האַר און קנוט,
אויך די רואיקייט וואָס האָט דעם קנעכט פּאַרטרונקען,
ביילט דעם פויסט, און בייסט די ציין אין ליפּ, ביז בלוט.

צו וועמען זאָל איך איצטער מיינע הענט אויפהויבן ?
צו וועמען זאָל איך בעטן אין אַט דער מינוט ?
צו די וואָס האָבן זיך אַף מענטשלאַך בלוט דערהויבן,
אָדער צו די וואָס האָבן געדולד נאָר ניט קיין מוט ?

סאקא און וואנזעטי, איר זענט געווען קרבנות,
נאָר אייער בלוט וועט שרייען ביז אויפשטיין וועט
דער קענכט,
און צאָלן בלוט פאר בלוט, אָן איינזען, אָן רחמנות,
ווען עס וועלן ברענען די פוסטע שווארצע נעכט !

## טײמס סקװער

אין דער לײנג, און אין דער ברײט,
נאָר מען גײט, מען גײט, און גײט,
דער אהין, און דער אהער,
אױף דעם טומעלדיקן סקװער.
מען גײט — װײל קײנער קאָן ניט שטײן,
מען צװינגט צו גײן, און גײן, און גײן.
דער גיט א שטױס, דער גיט א דריק.
א טראָט פאָראױס, א טראָט צוריק,
יעדער איז אין יעדנס װעג,
און זוכט אײנער װאו א ברעג —
שטערט ער אנדערע אין גאַנג,
און מאכט גרעסער דעם געדראַנג.
און האַלט זיך אָן אָן זיך אלײן,
ער זאָל דאָ ניט פאַרלאָרן גײן.
דאַרפסט צו װעסט, און גײסט צו איסט,
און װײסט ניט קײנמאָל װאו דו ביזט,
װאו איז װאו, און װער איז װער,
אױף טײמס סקװער.

טאָג און נאַכט עס הערט ניט אויף,
ניטאָ קיין רו, ניטאָ קיין שלאָף,
נאָר מען גייט אַלץ אָן א שיר,
דו אף דעם, און דער אף דיר.
איינער טרעט אף דיינע פיס,
א צווייטער גיט דיין זייט א ריס,
איינער קוועטשט דיך צו א האַנט,
א צווייטער דריקט דיך צו א וואַנט.
איינער קריגט אין קאַרק א שטויס —
אַז דאָס האַרץ פאלט שיר אַרויס,
מיידסט אויס איינעם מיט א בויג,
קריכסט אַנאַנדערער אין אויג...
כאַפּסט פאַר ווייטיק אָן דעם קאָפּ,
פאַלט בא דיר דיין הוט אַראָפּ.
כאַפּסט דעם הוט און פאַלסט אַליין,
עס איז ניט צו גיין און שטיין,

דער שלעפּט דיין ראָק, דער האַלט דיין הוט.
דו פילסט ווי ס׳קאָכט אין דיר דאָס בלוט
און ווערסטו פון זיי ענדלאַך פריי,
וואַקסט פאַר דיר אוים דער טראַמוויי.
אַלץ איז אָפּהאַלט דאָ, און שטער,
אָף טיימס סקווער.

א פאָרל גייט געאָרעמט, פיין,
פלוצלונג רייסט זיך ווער אריין
צווישן זיי — א שטורעם־ווינט,
און איינער פון דעם פּאָר — פאַרשווינדט...
באַלד דערפילסטו ווי א האַנט
האָט דיין אָרעם איינגעצאַמט,
גיסט מיט פרייד א קער זיך באַלד,
ערשט — א פרעמדער מענטש דיר האַלט...

מיט אן אָפֿן מויל ארויף,
שטייט א מענטש און הערט ניט אויף
ציילן, ציילן נאָכאנאנד,
פענסטער אין א הויכער וואנט.
באלד דערלאנגט מען אים א שטויס,
און זיין חשבון מישט זיך אויס...
ציילט ער אויף דאָס ניי, און קען
איבערציילן קוים ביז צען...

א מענטשן מאסע קוקט געשפּאנט,
א ציימונג דרייט זיך אַף א וואנט,
נאָר איידער כאפּסט א וואָרט אין צייט,
ביזטו שוין אַף דער צווייטער זייט...
ס׳וואַרפט דיך אום אהין, אהער,
אַף טיימס סקוועה.

טעאַטערס ווינקען דיר פאַרשייט,
וואָס שטייסטו ווי א נאַר פון ווייט?
דראַמאַ, אָפּערא, בורלעסק,
מואווי, וואָדעוויל, גראָטעסק!
קריגסט דאָרט וואָס דיין הארץ נאָר גלוסט,
אקטריסעס — איבעראל באַוואוסט,
אקטיאָרן — העלדן איינס אין איינס,
וואָס מען זעט נאָר ניט אזוינס,
דאָ ווינקט צו דיר א מוזיק האָל,
דאָ ווייזט מען קונצן, דאָרט א באָל,
דאָ רעסטאָראַנען ליכטיק, שיין,
און ווייסט ניט פריער וואו צו גיין...
אלצדינג ווילט זיך דיר דאָ זען,
און אויב חלילה איינער קען
אײַנעווייניק ניט אריין,
קוויקט ער זיך מיט עלעקטריק שיין
וואָס רייצט און כישופט אָן אויפהער
אַף טיימס סקווער.

א ראַדיאָ דאָ, א ראַדיאָ דאָרט,
ווילסט הערן וואָס, און הערסט קיין וואָרט.
עס זינגט און שרייט, פּאַרטומלט ווערסט,
דו הערסט, און הערסט ניט וואָס דו הערסט;
דאָ בעטהאָוועז, דאָרטן דזשעז.
דאָ אַדווערטייזט מען אונטערוועש,
איינער זאָגט דיר עפּעס אָן,
וואָס דו טאָרסט און טאָרסט ניט טאָן...
ס'קלינגט און ס'פּייפט מיט ווילד געבריל,
עלעקטריק קאַר, אָטאָמאָביל,
און אַלץ צוזאַמען מישט זיך אויס,
אין איין פּאַרטויבענדיק געברויז,
ווי א שטורעם אין דעם וואַלד,
וואָלט צויאָגט זיך מיט א גוואַלד,
און וויגט די ביימער הין און הער,
טיימס סקווער!

בי עם טי, און אי אַר טי,
ווייסט ניט וואו און ווייסט ניט ווי,
דאַכט זיך איינס און ס׳איז דאָך צוויי.
ס׳דרייט זיך אַלץ אין איין געדריי...
דאַרפֿן — דאַרפֿסטו איי אַר טי,
און פאַרקריכסט צו בי עם טי,
און ביז דעם טעות האָסט דערקענט,
האָט דערווייל געקאָסט פינף סענט...
לויפֿסטו גלייך צו איינעם צו
און פרעגסט שוין ווי צומישט, אוואו
איז דאָ די בי בי, איי עם טי?
ערשט יענער גיט מיט האַסט א פלי,

ער האָט אויך דערזען מיט שרעק
אז ער איז אנדערש וואו אוועק...
לויפט ער אהין און דו אהער,
און שילט ניו יאָרק מיט איר פאַרקער.

א צווייטן ניקל וואַרפסט אַריין
אין דער אייזערנער מאַשין,
עס קומט אַ באַן, דו פאַלסט אַריין,
און פאָרסט אַהער, ווען דאַרפסט אַהין...
גייסטו באַלד צוריק אַרויס,
און גיסט אַ דריטן ניקל אויס,
און ווען דו פאָרסט שוין אָפּ מיט גליק,
דערזעסטו אַז דו פאָרסט צוריק.
דאַרפסט אַהין, און פאָרסט אַהער,
צוריק אָף טיימס סקווער.

אַרויף, אַראָפּ, אַראָפּ אַרויף,
אָן אָן אָנהויב, אָן אַ סוף.
גיסט זיך, פלייצט דער מענטשן שטראָם,
ערגעץ אין אַ טיפן תהום,
אַ ברוויזנדיקע כוואַליע ווערט
פאַרשלונגען ערגעץ אין דער ערד,
און ס'וואַרפט די ערד צוריק אַרויס,
אַ מענטשן מאַסע אין געברויז,
צוברעקלט זיי אַהין, אַהער,
אָף טיימס סקווער.

מיין דאנק דעם שוישפילער מיכל גיבסאָן פאַר אינספּירירן מיך מיט דער אידייע אָנצושרייבן די רעציטאַציע „טיימס סקווער“.